# סטאלינ
# אינ
# כאשימ




פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1936

# סטאלינ
# און
# כאשימ

אייניקע עפּיזאָדנ
פונ באטומער אונטערערד

מיט א פאָרוואָרט פונ נ. לאקאָבא

# פאָרוואָרט

ניט איין מאָל האָבן זיך צו אונדז געווענדט באַקאַנטע, אבכאַזער האָרעפּאַשנע פּויערים, וואָס ווױנען אין דער אומגעגנט פון באַטום, מיט אַקשאַנעסדיקע באַקאַשעס צו פאַרשרײַבן און אַרויסגעבן כאָטש וואָס־ניט־איז דערפון, וואָס זיי ווייסן וועגן דעם כאַווער סטאַלין פון די באַטומער געשעענישן אין די יאָרן 1901—1902.

אויב מיר האָבן באשלאָסן באַפרײַדיקן די דאָזיקע באַקאָשעס, איז עס, פארשטייט זיך, בלויז דערפאר, ווײַל די דאָזיקע בראָשור פּרעטענדירט ניט אין קיין שום מאָס, צו געבן א וועלכע־ניט־איז פאראלגעמיינערונג וועגן סטאַלינען, ווי וועגן דעם פּאָליטיקער, סטראַטעג, טעאָרעטיקער און פּראקטיקער פונעם באָלשעוויזם, ווי וועגן דעם גרויסן מענטשן פון א גאנצער עפּאָכע, א מענטש, מיט וועלכן די געשיכטע באגליקט די מענטשהײַט איין מאָל אין 100—200 יאָר.

אין דער דאָזיקער בראָשור ווערן געבראכט בלויז אייניקע עפּיזאָדן, וואָס באציִען זיך צו סטאַלינס ארבעט אין באטומער אונטערערד.

דעם דאָזיקן עטיוד גיבן מיר ארויס דערפאר, ווײַל ער איז כאראקטעריסטיש און העלפט טיף צו באנעמען די באדינגונגען פון דעם וווקס און אופשטײַג פון אזעלכע גיגאנטן, ווי לענין און סטאַלין.

אין דער געשיכטע פון אונדזער רעוואָליוציע און אינעם לעבן פונעם גרויסן סטאַלין (די דאָזיקע צוויי באגריפן זײַנען ענג איבערגעפלאָכטן צווישן זיך) זײַנען די באטומער געשעענישן פון די יאָרן 1901—1902, — בלויז איינער פון די עפּיזאָדן, בלויז איין בלעטל פון אָט דער גרויסער געשיכטע און פון אָט דער גרויסער ביִאָגראפיע. נאָך א קלענערער אָרט אין אָט דער גרויסער געשיכטע און ביִאָגראפיע פארנעמען די געשעענישן, וואָס זײַנען פארלאָפן באם אבכאזער פויער כאשים סמירבא אין שטיבל. אָבער, אין קעגנזאַץ צו די בורזשואזע און פסעוודאָ־סאָציאַליסטישע טעאָריעס וועגן פירער, האָבן מיר, מארקסיסטן-באָלשעוויקעס, שטענדיק פארבונדן דעם וווקס פונעם פירער מיטן וווקס פון זײַן קלאַס. סטאַלינס לעבן, ווי לענינס לעבן, איז אפּן ענגסטן אויפן פארבונדן מיטן לעבן פון די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און פויערים, וועמעס פירער זיי זײַנען. אָט פארוואָס מיר זוכן באזונדערע טײַלעכלעך פון סטאַלינס ביִאָגראפיע אין די קרומע הינטערגעסלעך פון טשאַאבא, אין די צעכן פון

מאנטאשאָווס, נאָבעלס, ראָטשילדס זאוואָדן, אין אזעלכע פּויערישע שטיבלעך, ווי כאשימס סמירבאס שטוב.

כאשימס שטיבל איז ניט קיין צופעליק פארוואָרפענער אָפּשטעל אין סטאלינס לעבן, ווי ניט צופעליק עס איז לענינס בייַדל פון 1917 יאָר, וואָס איז באוואכט געוואָרן פון די פעטערבורגער אר־בעטער.

סטאלין איז דערמיט טאקע שטארק, וואָס ער איז צו דער מא־סע געקומען ניט פון דער זייַט, ניט נאָכן זיג, נאָר אין סאמע בא־גינען פון דער ארבעטער־באוועגונג, און דערנאָך, אין די סאמע פינצטערע רעאקציע־יאָרן, איז ער געווען צוזאמען מיט דער מאסע און האָט געלעבט און געארבעט אין די סאמע געדיכטענישן פון די ארבעטנדיקע מאסן. און טאקע דערפאר פארשטייט סטאלין, ווי לע־נין, די נויטבאדערפענישן פון די מאסן ניט נאָר טעאָרעטיש, נאָר מיט דער גאנצער נעשאָמע און הארץ. און טאקע דערפאר איז אונד־זער סטאלין, פונקט ווי לענין, אָן גרענעצן באליבט באַם ארבעטנדיקן פאָלק.

די גרויסקייַט און די קראפט סטאלינס, ווי לענינס, באשטייט דערין, וואָס אופהייבנדיק זיך פון אונטערערד, פון כאשימ סמירבאס שטיבל, ווערנדיק דער גרויסער פירער פון דער אלוועלטלעכער רע־וואָליוציע, איז ער פארבליבן דער זעלבער פּאָשעטער, צוטריטלעכער און פארשטענדלעכער פארן ארבעטנדיקן מענטשן, ווי ער איז עס געווען דעמלט, אין די שווערע און פּייַנלעכע אונטערערד־יאָרן.

איך דערמאָן זיך, ווי איינער אן אבכאזער פּויער האָט בייס סטאלינס באזוך אינעם ייִשעוו אָטכארי, שוין אין דער סאָוועטישער אבכאזיע, צווישן אלע איבעריקע ווונטשן, וואָס ער האָט ארויסגע־זאָגט סטאלינען, געזאָגט אויך דאָס פאָלגנדיקע:

— איך האָב אין מייַן לעבן געזען א סאך נאטשאלסטווע און פארשיידענע גרויסע מענטשן, אָבער צו קיין איינעם פון זיי האָב איך זיך ניט געווענדט מיט קיין גוט וואָרט, — דיר אָבער, טייַע־

רער, ווינטש איך לאנג־לאנג לעבן. דיך קען די גאנצע וועלט, מיט דיר רעכענען זיך אלע מעלוכעס און זיי אנערקענען, אז דו ביסט א גרויסער מענטש. דאָס איז אלעמען באוווסט. מיך ווונדערט ניט דאָס, וואָס די גאנצע וועלט אנערקענט דיך, — ווונדערלעך איז דאָס, וואָס איך, דער סאמע קלענסטער און אין דער פארגאנגענהײַט א געיאָגטער מענטש, האָב דיך אנערקענט. איך וויל זאָגן וועגן דיר עטוואָס אזוינס, וואָס ניט אלע ווייסן. דו ביסט אן אפירכאצא [1] — אן עכטער מאן.

א צווייטער פויער — א דעלעגאט פונעם V אלפארבאנדישן ראטן־צוזאמענפאָר, האָט אפ דער לעצטער זיצונג פונעם צוזאמענפאָר, ברייט זשעסטיקולירנדיק, א פרעג געטאָן בא מיר:

— ווו איז ער? פארוואָס זעט מען אים ניט? איך דארף ניט אזא מין שפארבער, וואָס האָט די טעווע צו זיצן בייז און אָנגע־בלאָזן אפן פלויט, אזש קליינע פייגעלעך פליִען אָן אפ אים, רייצן זיך מיט אים, און ער, אָט דער שפארבער, ניט ראָפפליִענדיק פון פלויט (ווי קומט עס צו אים!) האלט אין איין פאָכען דאָ מיט איין לאפ־קע, דאָ מיט דער צווייטער, אָבער כאפן כאפט ער קיינעם ניט. איך וויל זען דעם בארג־אָדלער, וואָס קאָן שטענדיק פאקן דעם, וואָס מע דארף...

ווען איך האָב אָנגערופן סטאלינס נאָמען, האָט דער פויער, א צופרידענער, א זאָג געטאָן:

— אָט דאָס איז ער.

אָבער סטאלין איז אפ יענער זיצונג פונעם צוזאמענפאָר ניט גע־ווען, ער איז, דוכט זיך, געווען פארנומען מיטן צונויפשטעלן די רעזאָליוציע צום באריכט פון דער רעגירונג.

כאשימס שטיבל איז ניט צופעליק געווען אפ סטאלינס רעוואָ־

---

1 אפירכאצא, לויטן טײַטש פון די אבכאזער, באטײַט א העלד פון די העלדן, געבוירן פון דונער און בליץ, — ניט פּאָשעט א מאנספארשוין, נאָר אזא מאנספאר־שוין, וואָס פארמאָגט גרויס כאָכמע, קלוגשאפט, פלינקײַט און א גרויס גוט הארץ.

ליוציאָנערן וועג. די זאַך באַשטייט דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט בלויז אין איינע כאַשימען, די זאַך באַשטייט דאָ דערין, וואָס אַפּנ בײַשפּיל מיט כאַשימען זעען מיר, ווי די באָלשעוויקעס האָבן געקענט פאַר־בינדן די יונגע וואַקסנדיקע אַרבעטער־באַוועגונג מיט די רעוואָליר־ציאָנערע שטרעבונגען פונעם פויערטום, ווי זיי האָבן געקענט פאַר־בינדן די אַרבעטער-באַוועגונג מיט דער נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע.

דער אָרגאַניזאַטער און אָנפירער פון די באַטומער אַרבעטער, דער באָלשעוויק סאָסאָ דזשוגאַשווילי, דער קומענדיקער פירער פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע, האָט געקענט געפינען די וועגן צו דער נעשאָמע פון אַפילע אַזאַ קנאָפּ באַוווּסטזיניקן פויער, ווי כאַשים, האָט געקענט פאַרבינדן די באַטומער אַרבעטער־שטרײַקער פון 1902 יאָר מיט די כאַשימס.

אָט אַזוי האָט די איינהײַטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג, טראָט נאָך טראָט, אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשע-וויקעס, דעראָבערט אַפּ איר זײַט מיליאָנען פויערים סײַ פון דער רוסישער, סײַ פון אַנדערע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן פון די ראַנד-געגנטן.

טאַקע אָט דאָס לעניניש פאַראייניקן אין דער פּראַקטיק די פּראָ-לעטאַרישע רעוואָליוציע מיט די פויערישע רעוואָליוציאָנערע באַווע־גונגען האָט אונדז געבראַכט צום זיג פונעם גרויסן אָקטיאַבער און צו די ניצכוינעס, וואָס מיר האָבן איצט.

סטאַלין האָט פיל יאָרן אָפּגעאַרבעט אין טראַנסקאַווקאַז. די אַרבע־טער און פויערים פון טראַנסקאַווקאַז האָבן אים ליב מיט אַ באַזונ-דערער הארציקײַט און וואַרעמקײַט און זיי זײַנען שטאָלץ דערמיט, וואָס סטאַלין האָט דירעקט אָנגעפירט מיט זייער אינעם קאַמפּ קעגן דעם צאַריזם, און ניט צופעליק זײַנען דעריבער די אַקשאָנעסדיקע באַקאָשעס פון מײַנע באַקאַנטע — די אַבכאַזער פון באַטום, וואָס פאַר-לאַנגען, עס זאָלן פאַרשריבן און אַרויסגעגעבן ווערן זייערע דערינע-רונגען וועגן סטאַלינען פון יענע ווײַטע צײַטן.

אָבער די ליבע פון די ארבעטנדיקע פון טראנסקאווקאז צו סטאלינען איז ניט נאָר א פראָדוקט פון נאציאָנאלער שטאָלץ. די דאָזי־קע ליבע — דאָס איז די זעלבע קאָלאָסאלע ליבע, וואָס די ארבעטער פון טראנסקאווקאז פילן צו לענינען, דאָס איז די זעלבע קאָלאָסאלע ליבע, וואָס די רעוואָליוציאָנערע ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט פילן צו לענינען און סטאלינען, ווי צו די פירער פון דער רעוואָ־ליוציאָנערער מענטשהייט.

סטאלין און זיין פארטיי זיינען שטארק מיט דער שטיצע פון די מיליאָנען כאשימס און איוואנען, און די כאשימס מיט די איוואַ־נען זיינען אומבאזיגבאר דערפאר, ווייל אין דער שפיץ פון זיי שטייט אזא שטאָלענער, מעכטיקער, געניאלער פירער — אונדזער ליבלעכער און באליבטער סטאלין.

ב. לאקאָבא



כאשינ סמירבא

אינ די פאָרשטעט פונ באטום ליגנ צעוואָרפנ פאבריקנ, זאוואָדנ אונ ארבעטער-ייִשוּווים. ענג צו זיי טוליענ זיכ צו אדזשארער אונ אבכאזער ייִשוּווים. צו יענער צײַט איז דער סאמע גרעסטער זאוואָד אינ באטום געווענ ראָטשילדס זאוואָד „בניטאָ”; דאָרט האָבנ געארבעט ביז זעקס טויזנט ארבעטער. אפֿ כאטשאטוריאנצס זאוואָד האָבנ געארבעט טויזנט צוויי הונדערט ארבעטער; אפֿביידע מאַנטאשאָווס זאוואָדנ האָבנ געארבעט פיר טויזנט מאנ; אפֿ א ריי אנדערע קלע-

נערע זאוואָדן — ביז צוויי טויזנט ארבעטער. אויסער דעם זײַנען אפּ די ברעג־ארבעטן געווען פאַרנומען ביז דרײַ טויזנט ארבעטער. די גרעסטע מערהײַט זייערע איז באשטאנען, אויסער פון די אָרטיקע אײַנוווינער — פון די אדזשארער, פון פּויערים, געקומענע פון גוריע, מינגרעליע, אימערעטיע און אבכאזיע; עס זײַנען געווען אויך א סאך רוסן, ארמענער און אנדערע. דאָס איז געווען אָרעמשאפט, וואָס איז אוועק אפּ די פאבריקן און זאוואָדן מיט דער האָפענונג צו פאַר־גרינגערן דאָרט זייער שווערע עקאָנאָמישע לאגע.

געוויינלעך פלעגן די ארבעטער זיך באזעצן אין די ראיאָנען בארצכאני און גאָראָדאָק[1]. אָבער אזויווי די צאָל ארבעטער איז אלץ געוואקסן, און אין די ארבעטער-יִשוּווים איז געוואָרן אלץ ענ-גער און ענגער, האָבן די שטאָט-„פאָטערס" ערנסט זיך גענומען פאַר-טראכטן איבער דער פראגע, ווו אהינצוטאָן ערגעץ הינטער דער שטאָט די ארבעטער מיט זייערע פאמיליעס?

אָן א זײַט פון בארצכאני און גאָראָדאָק, אין דער קעגניבערדי-קער פאָרשטאָט, איז געלעגן א קאָלאָסאלער פארזומפּיקטער פלאץ, וואָס האָט געטראָגן א פאסיקן נאָמען פאר אים — „טשאאָבא"[2]. אָט דער דאָ־זיקער, מישטיינסגעזאָגט, „באָדן" איז געלאָזט געוואָרן אין פארקויפ צו איינ קאָפּעקע פאר א קלאפטער. עס איז גאנץ פארשטענדלעך, אז אזא מין „זאָל" האָט געשטויסן די פארפײַניקטע אין נויט און דאכקעס ארבעטער אָנצוכאפּן זיך אָן דעם שטרויעלע, וואָס די שטאָט-„באזאָרגער" האָבן זיי א וואָרפ געטאָן; אפּ די זומפּן האָבן זיך אָנ-געהויבן וואקסן שטיבלעך „אפּ הינערשע פיסלעך" און עס האָט זיך ביסלעכווײַז אויסגעבילדעט אַן ארבעטער-יִשוּוו.

אין דירעקטער שכיינעס מיט די דאָזיקע דרײַ ארבעטער-יִשוּ-ווים — גאָראָדאָק, בארצכאני און טשאאָבא — זײַנען געלעגן די דער־

1 פאָרשטעט פון באטום.

2 אפּ גרוזיניש — זומפּ.



דער ארבעטער-יִשעוו טשאָבא

פער מאכמודיא, פעריא, פעזיא, סאליבאורי, אנקיסא און קאכאבערי. א טייל איינוווינער פון די דאָזיקע דערפער איז געווען געצוווּנגען פון איין זײַט, איבער דער אָפּוועזנהייט פון פרײַער אקער-ערד, און פון דער צווייטער זײַט, איבער זייער גרויסער אָרעמקייט, צו גיין אפ די פאבריקן, זאוואָדן און אפ ברעג־ארבעט. אזויארום האָט זיך דער ענגער בונד און די באהעפטונג פון די ארבעטער און פויערים באזירט ניט נאָר אפ דער טעריטאָריעלער נאָענטקייט פון זייערע יישווּוים, נאָר אויך אפ דער קימאט זעלבער עקאָנאָמישער לאגע.

און ווען אין אָט דער בעדאלעסדיקער מאסע איז געוואָרפן געוואָרן דער ערשטער רעוואָליוציאָנערער זוימען, — איז ער שנעל אופגעגאנגען. פון די ארבעטער־יישוּוים האָט זיך בוילעט און שארף געלאָזט הערן די אופגעבראכטע שטים פונעם פראָלעטאריאט, פונעם דערדריקטן דורך רעכטלאָזיקייט און הונגער, און גלײַך דערבײַ — אויך די שטים פונעם פויערטום. און וואָס פלײַסיקער די מאכט האָט זיך געסטארעט צו דערשטיקן דעם וואקסנדיקן רעוואָליוציאָנערן גע-ברום, אלץ שטארקער איז געוואָרן דער קלאסעווער זעלבסטבאוווסט־זײַן פון די ארבעטער און פויערים.

ביסלעכווײַז האָט די דאָזיקע יוירונג אָנגעהויבן באקומען בא-שטימטע פאָרמען. אין יאָר 1897 האָט זיך אין בראצכאני אָרגאני-זירט דער ערשטער אומלעגאלער סאָציאַל-דעמאָקראטישער קרײַזל, און אין עטלעכע יאָר ארום, צוזאמען מיטן וווּקס פון אזעלכע קרײַז-לעך ווי אין בארצכאני, וואקסט אויס אינעם דאָרף קאכאבערי א פוי-ערישע רעוואָליוציאָנערע גרופע, וואָס איז פארבונדן מיט די רעוואָ-ליוציאָנערע ארבעטער פון סידירידיסעס, מאנטאשאָווס און כאטשא-טוריאנצס זאוואָדן.

קליין אין דער צאָל איז געווען דער בארצכאנער קרײַזל אין די יאָרן 1897—1901. דאָס האָט אים ניט דערלויבט צו אנטוויקלען ברייט זײַן ארבעט, וואָס האָט געהאט הויפּטזאכלעך א פראָפּאגאנ-דיסטישן כאראקטער.

אין די יאָנטעוודיקע טעג פֿלעגן געווייגלעך אין בארצכאני, אפֿן גרינעם פּלאַץ, זיך צונויפֿקלײַבן די ארבעטער און אײַנאָרדענען דאָרט שפּילן, טענץ אאַוו. מיט די דאָזיקע שפּאַצירן פֿלעגן זיך באַנוצן די פּראָפּאַגאַנדיסטן. זיי פֿלעגן דורכפֿירן שמועסן מיט באַזונדערע גרופּעס פֿאָרגעשריטענערע ארבעטער.

וועגן דער עקזיסטענץ פֿון דעם דאָזיקן קרײַזל איז דער פּאָליציי געווען באַוווּסט, אָבער „פּאַקן" אים אומגעריכט, אין מאָמענט פֿון זײַן דירעקטער פּאָליטישער ארבעט, פֿלעגט איר ניט געלינגען: ווי נאָר עס פֿלעגט זיך ערגעץ־ווו באַווײַזן אַ פּאָליציאַנט, פֿלעגן גלײַך די גרופּעס, וואָס האָבן געפֿירט די שמועסן, זיך נעמען טאַנצן און שפּילן אין באַל. אָנגעפֿירט מיט די „טענץ" האָט דער טאַנצלערער איוווליאַן שאַפּאַטאַווא, וואָס האָט געארבעט אין בארצכאַנער קרײַזל. די אומשולדיקייט פֿון די פֿאַרווײַלונגען האָבן איבערצײַגט דער פּאָליציי, אַז דאָ איז קיין שום „קעגנגעזעצלעכס" ניטאָ. אַמאָל פֿלעגט די שפּיל אין באַל אין דער אָנוועזנהײַט פֿון דער פּאָליציי געפֿירט ווערן מיט אַזאַ ברען און אַזוי „מוסטערהאַפֿט", אַז דער באַל פֿלעגט פֿליִען אין די קעפּ פֿון די פּאָליציאַנטן, וואָס עס האָט זיי נאָך שטאַרקער איבערצײַגט אין דער אומשולדיקייט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג.

---

סאָפֿ יאָר 1901 איז פֿון טיפֿליס קיין באַטום געקומען איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער דעמאָלט נאָך איינהײַטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועמען מע האָט באַופֿטראָגט אָנצופֿירן מיט דער אונטערערדישער ארבעט אין דער באַטומער אָרגאַניזאַציע, — דער כאַוועֿר סאָסאָ דזשוגאַשווילי (יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין).

כאַוועֿר סאָסאָ, ווי עס האָבן אים גערופֿן די רעוואָליוציאָנערע

ארבעטער, האָט זיך באַזעצט אין באַטום, אַף דער טיפליסער גאַס, אין דער דירע פונעם אַרבעטער פון מאַנטאַשאָווס זאַוואָד — טשכאִידזע.

באַקענענדיק זיך מיט דער אַרבעט פונעם באַרצכאַנער קרײַזל, האָט דער כאָווער סאָסאָ אין אַ שמועס מיטן מיטגליד פונעם קרײַזל, איוליִאַן שאַפּאַטאַווא, געזאָגט:

— באַ אײַך גייט די אַרבעט זייער לאַנגזאַם, אָבער מע דאַרף זיך דערשלאָגן, אַז די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג זאָל זיך אַנט־וויקלען וואָס שנעלער.

אָנגעהויבן די אַרבעט, האָט כאָווער סאָסאָ פריִער פאַר אַלץ צו־געצויגן צו דער אַרבעט די מיטגלידער פון באַרצכאַנער קרײַזל. באַ־נוצנדיק זיך מיט זייערע פאַרבינדונגען מיט די אַרבעטער, האָט ער גענומען צוציִען צו זיך אַלץ נײַע און נײַע גרופּן אַרבעטער, געבנדיק דערבײַ יעדן איינעם פון זיי באַזונדער אויפגאַבן: דורכאַגי־טירן באַ זיך אין זאַוואָד אָדער פאַבריק זיכערע אַרבעטער און אַרײַנ־ציִען זיי אין דער אַרבעט פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

די ערשטע שמאָלע פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון די אַרבע־טער פון מאַנטאַשאָווס, ראָטשילדס, סידירידיסעס און אַנדערע זאַ־וואָדן איז פאָרגעקומען אונטער דער אָנפירונג פונעם כאָווער סאָסאָ. אַף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג, ווי עס דערציילט כאָווער קאָטרי־קאַדזע, האָט כאָווער סאָסאָ געזאָגט:

— מיך, כאָווײרים, האָבן געשיקט צו אײַך די טיפליסער אַר־בעטער דורכצושמועסן זיך מיט אײַך. די טיפליסער אַרבעטער, ווי אײַך איז באַוווּסט, האָבן דערוואַכט פון שלאָף און גרייטן זיך צום קאַמף קעגן זייערע סאָנים. די באַטומער אַרבעטער אָבער שלאָפן נאָך גאַנץ רויִק. איך רוף אײַך נאָכצופאָלגן דעם בײַשפּיל פון די טיפליסער אַרבעטער און גיין מיט זיי האַנט־באַ־האַנט קעגן די געמיינזאַמע סאָנים.

די צווייטע געהיימע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין טשכאַ־ד־זעס דירע. אַף דער דאָזיקער, שוין גרעסערער פאַרזאַמלונג, האָט כאָ־ווער סאָסאָ געזאָגט:

— אָנגעהויבן פונ מאנטאשאָוונ אונ זײַנע מעשאָרסימ אונ געענ־ דיקט מיט די פּאָליציאַנטנ — אַלע זײַנענ זיי איבער אונדז באַלעבא־ טימ, אונ דערצו אזעלכע באַלעבאטימ, וואָס דארפנ, אז מיר זאָלנ וואָס מער ארבעטנ, וואָס ווייניקער עסנ אונ נאָכ ווייניקער ריידנ וועגנ דעמ, אז מיר ווילנ עסנ. אָט קעגנ די דאָזיקע באַלעבאטימ דארפנ מיר פירנ א קאמפ, קעדיי די ארבעטער זאָלנ קאָנענ פרײַ ריידנ וועגנ זייערע נויטנ.

— זייער אָפּט, — דערציילט איינער פונ די אָנטיילנעמער פונ דער דאָזיקער פארזאמלונג, פּ. דאָליבאדזע, — פלעגנ מיר הערנ, ווי כאווער סאָסאָ פלעגט דערמאָנענ לענינס נאָמענ. לענינס נאָמענ איז בא סאָסאָ געווענ אָרגאניש פארבונדנ מיט די שמועסנ וועגנ ארײַנ־ ציִענ אַלץ מער אונ מער זיכערע ארבעטער אינ דער רעוואָלוציאָ־ נערער ארבעט.

— מיר באדארפנ די מאסע, — פלעגט זאָגנ כאווער סאָסאָ, — אונ נאָר די מאסע. אָנ איר וועט בא אונדז גאָרנישט ניט ארויסקומענ.

כאווער סאָסאָס ווערטער האָבנ זיכ אינקורצנ בארעכטיקט אינ דערווירקלעכקײַט: אפ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ האָבנ זיכ אָרגא־ ניזירט פּאָליטישע קרײַזלעכ, די ארבעטער-מאסע אינגאנצנ גענומענ האָט זיכ רעוואָליוציאָניזירט, אונ עס האָט זיכ געלאָזט מערקנ, אז עס דערנעענטערנ זיכ געשעענישנ, וואָס זאָגנ צו זיכ פאנאנדערצו־ וויקלענ אינ א ברייטער שטרײַק־באוועגונג.

אינ יאָר 1901 האָבנ די ארבעטער פונעמ זאוואָד „בניטאָ" צומ ערשטנ מאָל ארויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פאָדערונגענ.

---

וועגנ דער אונטערערדישער ארבעט פונ כאווער סאָסאָ, ווענ ער האָט זיכ געפונענ אפ דער טיפליסער גאס, איז באוווסט געוואָרנ דער פּאָ־

ליציי. דאָס האָט אים געצוווּנגען צײַטווײַליק זיכ באזעצנ אינ נאָראָדאָק, בא סיליביסטראָ לאָמדזשאריא. נאָר, אזויוױ זײַנ געפינענ זיכ דאָ איז אויכ ניט געווענ אינגאַנצנ זיכער, איז כאווער סאָסאָ, וואנדערנדיק פונ לאָמדזשאריאס שטוב צו אלאַיאַענ אינ שטוב אונ צוריק, געשטעלט געוואָרנ. פאר דער נויטווענדיקײַט צו געפינענ א זיכערע דירע ניט נאָר פאר זיכ, נאָר אויכ פאר דער אונטערערדישער דרוקערײַ, וואָס האָט זיכ דעמלט געהאלטנ אינ אָרגאַניזירנ.

די דאָזיקע ארבעט — געפינענ א זיכערע דירע — האָט דער קרײַזל אפ מאנטאשאָווס זאוואָד פארטרויט אילאריאָנ דאראכוועלידזענ אונ איוולִיאנ שאפאטאווא.

טשאאָבא, — דער ארבעטער־יִשעוו, וואָס איז ניט לאנג אופגעקומענ, — האָט נאָכ קיינ פארדאכט בא דער פאָליציי דערווײַל ניט ארויסגערופנ. א סאכ כאוויירימ האָבנ געהאלטנ, אז דאָס איז דערפאר, ווײַל מאכנ א שפאציר איבער די טשאאָבער בלאָטעס האָט ניט שטענדיק געשמעקט די פאָליציִאנטנ.

אינ אָט דעמ ארבעטער-יִישעוו האָט זיכ געפונענ א הויז, וואָס האָט געהערט צו צוויי אייגנטימער: איינ האלב הויז פונ דרײַ צימערנ האָט געהערט צו ניקאָ נאצוואלאווא. דאָ האָט געווױנט איוולִיאנ שאפאטאווא מיט זײַנ פרוי דעספינא שאפאטאווא; די צווייטע העלפט אָבער, וואָס איז אויכ באשטאנענ פונ דרײַ צימערנ אונ וואָס האָט געהערט צו מאטאָ רוסידזע, איז צו יענעמ נייטיקנ מאָמענט געווענ פרײַ. אילאריאָנ דאראכוועלידזע, וועמענ מע האָט איבערגעגעבנ צוזאמענ מיט איוולִיאנ שאפאטאווא צו געפינענ א דירע פארנ כאווער סטאלינ, האָט זיכ אליינ געניייטיקט אינ איר, אונ אינ מאנטאשאָווער קרײַזל איז באשלאָסנ געוואָרנ, אז די דאָזיקע דירע וועלנ דינגענ אפ זייער נאָמענ די ברידער אילאריאָנ אונ דאריספאנ דאראכוועלידזע, אונ כאווער סאָסאָ מיט דער אונטערערדישער דרוקערײַ, וועלנ זיכ דאָרט אײַנאָרדענענ אומלעגאל. די ברידער דאראכוועלידזע האָבנ פארנומענ צוויי צימערנ, אונ אינ דריטנ צימער איז אינ א

וואָכ ארומ אריבערגעפאָרנ כאווער סאָסאָ. אינגיכנ איז אהינ אריבער־געטראָגנ געוואָרנ די אונטערערדישע דרוקעריַ. קימאט אינ איינ צײַט מיטנ כאווער סאָסאָ האָט זיכ אינ די צימערנ פונ די ברידער דא־ראכוועלידזע באזעצט איינער פונ די רעוואָליוציאָנערע טוער פונ יע־נער צײַט – קאָציא קא:דעלאקי.

פונ דעמ מאָמענט אָנ, זינט כאווער סאָסאָ האָט זיכ באזעצט בא די דאראכוועלידזעס אינ דער דירע, הייבט זיכ אָנ א נאָכ מער פלאנמעסיקע, פאראקשנטע, ענערגישע אונ הייסע ארבעט: אינ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג ווערנ ארײַנגעצויגנ אלצ גרעסערע אונ גרעסערע קאדרענ באוווּסטזיניקע ארבעטער. עס ווערט פארברייטערט די נעצ פאָליטישע קרײַזלעכ, עס ווערט פארפלאנצט דער קלאסעווער זעלבסטבאוווּסטזײַנ אינ דער ברייטער ארבעטער-מאסע. קימאט יעדע נאכט רופט צונויפ כאווער סאָסאָ בא זיכ אפ דער דירע פארזאמ־לונגענ פונ די אָנפירער אונ דעמ אקטיוו פונ די אונטערערדישע קרײַזלעכ. אפ די פארזאמלונגענ ווערנ דורכגעארבעט אונ צוגעגרייט די פראגנ וועגנ די פאָליטישע ארויסטרעטונגענ פונ די ארבעטער, וועגנ צוגרייטנ שטרײַקנ. נאָכ די פארזאמלונגענ, ביז סאמע באגינענ, פלעגט כאווער סאָסאָ, צוזאמענ מיט זײַנ שטענדיקנ געהילפ — דעמ זעצער געאָרגי טעליא — דרוקנ פראָקלאמאציעס אינ דער אונטערערדישער דרוקערײַ.

יעדער אָנדריק אפ די ארבעטער מיצאד דער זאוואָד־אדמיניס־טראציע, יעדער ארויסטריט פונ דער מאכט, וואָס האָט געשטיצט די אינטערעסנ פונ די זאוואָד-אייגנטימער, האָט געפונענ איר אָפשפיג־לונג אינ די פלוג-בלעטלעכ, וואָס פלעגנ ארויס פונ אונטער כאווער סאָסאָס דרוק-פרעס. די דאָזיקע פלוג-בלעטלעכ האָבנ גערופנ, געמונ־טערט די ארבעטער, געוועקט זייער קלאסעווענ זעלבסטבאוווּסטזײַנ, ארויסגערופנ הייסע אונ הויכע געשפרעכנ וועגנ דעמ, אז מע דארפ אָפנ מעלדנ וועגנ די אייגענע רעכט, ארויסשטעלנ עקאָנאָמישע אונ רעכט־לעכע פאָדערונגענ, אונ צווינגענ די אונטערנעמער באפרידיקנ זיי.

די געשעענישנ האָבנ לאנג ניט געלאָזט ווארטנ אפ זיכ.

דעם 31 יאנווואר האָבנ די ארבעטער פונ מאנטאשאָװס זאוואָד דערקלערט א פראָטעסט-שטרײַק קעגנ דער האנדלונג פונעם זאוואָד-פארוואלטער. די פאָליציי האָט ארעסטירט העכער הונדערט ארבעטער. אָבער די ארבעטער האָבנ זיכ געהאלטנ פעסט, דער שטרײַק האָט געדויערט העכער צוויי וואָכנ אונ האָט זיכ פארענדיקט מיטנ זיג פונ די ארבעטער: דער זאוואָד-פארוואלטער איז באפרײַט געוואָרנ פונ דער ארבעט, אלע אָפגעזאָגטע ארבעטער זײַנענ צוריק צוגענומענ געוואָרנ, עס איז אויסגעצאָלט געוואָרנ דער ארבעטלוינ פאר דער צײַט פונעם שטרײַק אאוו.

אינ דער זעלבער צײַט זײַנענ אפ ראָטשילדס זאוואָד אָפגעזאָגט געוואָרנ פונ דער ארבעט 382 אלטע ארבעטער — „פאָליטיש-פארדעכטיקע“. דעם 1 מארט 1902 יאָר האָבנ די ארבעטער פונעם זאוואָד דערקלערט א שטרײַק, אונ אונטער דער אָנפירונג פונעם כאווער סאָסאָ האָבנ זיי אויסגעארבעט א גאנצע ריי פאָדערונגענ צו דערלאנגענ דער זאוואָד-פארוואלטונג. צווישנ זיי זײַנענ געווענ פאָדערונגענ צוריק צונעמענ צו דער ארבעט די אָפגעזאָגטע ארבעטער אונ אײַנשטעלנ אנ אכטשאָיִקנ ארבעטסטאָג.

דעם 7 מארט 1902 איז אפנ טערקישנ מארק, צום ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער ארבעטער-באוועגונג אינ באטום, פאָרגעקומענ א מיטינג פונ זעקס טויזנט ארבעטער. אפנ מיטינג זײַנענ באהאנדלט געוואָרנ די פאָדערונגענ פונ די ארבעטער. דער דאָזיקער מיטינג איז צעטריבנ געוואָרנ דורכ קאָזאקנ. אינ רעזולטאט פונעם שטרײַק זײַנענ ארעסטירט געוואָרנ ביז הונדערט ארבעטער.

אפ מאָרגנ דעם 8 מארט, האָט כאווער סאָסאָ אָרגאניזירט אנ אײַנדרוקפולע פראָטעסט-דעמאָנסטראציע מיט דער פאָדערונג צו באפרײַענ די ארעסטירטע ארבעטער.

און אָרגאַניזירטע מאַסע אַרבעטער, וואָס איז ביז יענער צײַט ניט געווען געוואָרן אין באַכום. האָט זיך מיט רעוואָליוציאָנערע אויסגעשרייען אַ לאָז געטאָן צו דער געגנטלעכער טורמע. די דאָזיקע געשעעניש איז געווען אַזוי אומדערוואַרט פאַר דער מאַכט, אַז אַפֿן וועג צו דער טור־מע האָט די דעמאָנסטראַציע קיינער ניט אָפּגעשטעלט, און די פּאָליציאַנטן, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף די פּאָסטנס, האָבן זיך באַהאַלטן אין די טויערן. ערשט, ווען די דעמאָנסטראַנטן זײַנען שוין צוגעקומען האַרט צו דער טורמע, איז די מאַכט געקומען צו זיך און די גאַנצע דעמאָנ־סטראַציע איז אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון אַלע זײַטן דורך רײַטער־קאָזאַקן.

דערווײַל האָבן די דעמאָנסטראַנטן זיך דערוווּסט, אַז די אַרעסטיר־טע אַרבעטער זײַנען אין דער געגנט־טורמע ניטאָ, אַז זיי געפֿינען זיך גאָר אין די עטאַפּ־קאַזאַרמעס.

ניט געקוקט אויפֿן רינג פֿון די קאָזאַקן, מיט וועלכן די דעמאָנסטראַנטן זײַנען געווען אַרומגערינגלט, האָבן די אַרבעטער רויִק פֿאַרקערעוועט פֿון דער טורמע און זיך געלאָזט גיין צו די עטאַפּ־קאַזאַרמעס. דער קאָזאַקן־רינג האָט זיך אָנגעשפּיצט און זיך אַ לאָז געטאָן צוזאַמען מיט די דע־מאָנסטראַנטן, ניט צערײַסנדיק דערבײַ די אַרומרינגלונג. אַזאַ אויפֿירונג פֿון די קאָזאַקן האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין די דעמאָנסטראַנטן, אַז די קאָזאַקן ווילן די גאַנצע דעמאָנסטראַציע מיטאַמאָל פֿאַרטרײַבן אין הויף פֿון די עטאַפּ־קאַזאַרמעס, און אַ סך אַרבעטער האָבן דעריבער גענומען אָפּשטיין פֿון די דעמאָנסטראַנטן. אַזוי־אַרום איז אינעם מאָמענט, ווען די דעם נס ראַציע האָט זיך דערנעענטערט צו די עטאַפּ־קאַזאַרמעס, גע־בליבן אין אירע רייען בלויז אַ 400 — 500 אַרבעטער, וואָס האָבן גע־פֿאָדערט אָדער באַפֿרײַען די אַרעסטירטע, אָדער אויך זיי אַלעמען אַרעס־טירן. דורך אַ שפּיצל איז די קאָזאַקן געלונגען זיי אַלעמען פֿאַרטרײַבן און פֿאַרשליסן אין דער עטאַפּ־קאַזאַרמע.

צווישן די, וואָס זײַנען פֿאַרהאַלטן געוואָרן, האָט זיך געפֿונען אויך איוואָליאַן שאַפּאַטאָווואַ, אָבער אים, ווי אַ טאַנץ־לערער, וואָס איז באַוווּסט



דער טערקישער מארק אין באטום

אינ שטאָט, אונ ווי א מענטשנ, אפ ווענמע עס איז קיינ שום כשאד ניט געווענ, איז דערלויבט געוואָרנ ארויסגיינ פונ ארעסט (אזוי האָט איוו-ליאַנ שאפּאסאַווא אליינ דערציילט).

געקומענ צו לויפנ אהיימ, האָט איווליאַנ געמאָלדנ דעמ כאוועד סאָסאָ:

— וויבאלד עס האָט פאסירט אזא אומגליק, הייסט עס, אז דאָס אָרט, ווו עס געפינט זיכ אונדזער דרוקעריי, וועט גלייכ באוווּסט ווערנ דער פּאָליציי, מע דארפ זי באלד צונעמענ פונדאנענ, אניט וועלנ מיר אלע אומקומענ.

דערופ האָט כאוועד סאָסאָ געענטפערט:

— מיר וועלנ ווידער מאכנ א דעמאָנסטראציע צו באפרייענ די 450 ארבעטער, וואָס זיינענ געבליבנ שטעקנ אינ די עטאפּ-קאזאר-מעס, אונ וועגנ דער דרוקעריי האָסטו ניט וואָס צו באומרויקנ זיכ אזוי: מע וועט זי ניט אזוי גיכ געפינענ.

דעמ 9 מארט אינדערפרי זיינענ העכער דריי טויזנט ארבעטער ווידער ארויס מיט א דעמאָנסטראציע. ווי א ברויזנדיקע לאווע האָבנ זיכ די ארבעטער א לאָז געטאָנ צו די עטאפּ-קאזארמעס. פאָרויס זיי-נענ געגאנגענ די כאווײרימ סאָסאָ אונ גערעאָנטי קאלאנדאדזע.

הארט בא די קאזארמעס האָט דער קאפּיטאנ אנטאדזע אינ דער שפּיצ פונ א קאָמאנדע סאָלדאטנ מיט שפּיזנ באגעגנט די ארבעטער. צווישנ די דעמאָנסטראנטנ האָט זיכ געהאט אָנגעהויבנ א צעמישונג, אָבער אינ דעמ מאָמענט האָט זיכ איבער דער מאסע דערהערט כא-וועד סטאלינס שטימ:

— די סאָלדאטנ וועלנ אינ אונדז ניט שיסנ, אונ פאר זייערע קאָמאנדירנ האָט קיינ מוירע ניט. קלאפּט זיי גלייכ איבער די קעפּ, אונ מיר וועלנ זיכ דערשלאָגנ די באפרייונג פונ אונדזערע כאווײרימ!

אינ אוילעמ איז געוואָרנ א גערויש אונ ער האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו די קאזארמעס.

— באפרייט אונדזערע כאווײרימ, אָדער זעצט אונדז אויכ אריינ צוזאמענ מיט זיי! — האָבנ זיכ דערהערט אויסגעשרייענ פונ די ארבעטער.

אָבער דער קאפיטאַן אנטאַדזע האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן: „שיס"! און, ניט געקוקט דערויף, וואָס א סאַך סאָלדאַטן האָבן געשאָסן אין־דערלופטן, זײַנען פונדעסטוועגן פערצן ארבעטער דערהארגעט געוואָרן און העכער פערציק פאַרווונדעט געוואָרן.

---

די דאָזיקע ווילדע בלוט־באָד האָט אופגעהויבן אף די פיס דעם גאַנצן ארבעטער-באַטום, וואָס האָט געענטפערט אף אָט דעם גוואַלט־טאַט פון די צאַרישע מעשאָרסים מיט אַן אַלגעמיינעם שטרײַק. און די לעווײַע פון די קאָרבאָנעס פון דער דאָזיקער בלוטיקער צעשיסונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א גראַנדיעזן מיטינג, אף וועלכן די ארויסגע־טראָטענע כאַווײַרים האָבן געשטעמפּלט מיט שאַנד אי די צאַרישע רעגירונג, אי אירע באַלעבאַטים — די קאַפּיטאַליסטן.

---

די געשעענישן פונעם 9 מאַרט האָבן געשפּילט א קאָלאָסאַלע ראָליע אין דער אויסקלאָרונג פונעם קלאַסעווןזעלבסטבאַוווסטזײַן בא די באַטומער ארבעטער. כאָווער סאָסאָ האָט זיך באַנוצט מיט אָט די געשעענישן צו פאַרטיפערן און פאַרברייטערן די פּראָפּאַגאַנדע פון די אידייען פונעם סאָצ אַליזם צווישן די ארבעטער, אף נאָך פעסטער אוועקצושטעלן די ארבעט פון אָרגאַניזירן די ארבעטער און ענגער באַהעפטן זיי ארום דער פאַרטיי־פאָן.

די פיר הונדערט פופציק ארבעטער, וואָס זײַנען פאַרשלאָסן גע־וואָרן אין די עטאַפּ-קאַזאַרמעס, זײַנען אינגיכן ארויסגעשיקט געוואָרן פון באַטום. אָבער אָט די אַלע גוריער, מינגרעלער, אימערעטינער און אַנדערע באַטראַקעס און ערדלאָזע פויערים — איידעס פון דער בלוט־

באַד — האָבן אוועקגעפירט מיט זיך אהיים אויך די פראָקלאַמאַציע, וואָס איז דערשינען אין באַטום, אָנגעשריבן פון כאַוער סאָסאָ, וועגן די געשעענישן פון 9 מאַרט. זיי האָבן פאַרשפּרייט איבער די ייִשוּווים פון מײַרעוו־גרוזיע די רעוואָליוציאָנערע אָנשטעקעניש, וואָס האָט דאָ געפונען א גינסטיקן באָדן; אינגיכן נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן אָפענע אומרוען פון די פויערים קעגן די פּריצים און דער רעגירונג.

---

די רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט גרויסע פאַרלוסטן, אָבער די קאָרבאָנעס פון 9 מאַרט האָבן ניט צעשטערט די רייען פון די קעמפער, נאָר, פאַרקערט, באַהעפט זיי נאָך שטאַרקער.

פון אָט דער דעמאָנסטראַציע אָן איז די פּאָליציי געפאַלן אַף די שפּורן פונעם כאַווער סאָסאָ.

פּאַסירט האָט עס אַזוי: איינע פון די צאַרישע קוילן האָט פאַר־וווּנדעט געראָנטי קאַלאַנאַדזע, וואָס איז צוזאַמען מיטן כאַווער סאָסאָ געוועזן אַף דער דעמאָנסטראַציע. פאַרוווּנדעט איז ער געוואָרן אין האַנט. ניט געקוקט אַף דער געפערלעכקייט פון דער לאַגע, האָט כאַווער סאָסאָ אוועקגעזעצט געראָנטין אין א פאַיטאָן און אים אוועקגעפירט צו זיך אין דער דירע אַף טשאַאָבא. נאָכשפּירן ביזן סאָף, אין וועלכער שטוב כאַווער סאָסאָ האָט אוועקגעפירט געראָנטין, האָט די פּאָליציי ניט געקאָנט, אָבער פונדעסטוועגן איז איר דאָך גע־לונגען טיילווײַז צו אַנטפּלעקן די שפּורן, וואָס האָבן געפירט צום אָרט, ווו כאַווער סאָסאָ האָט זיך געפונען.

כאַווער סאָסאָ האָט עס פאַרשטאַנען. ער האָט אָנגעזאָגט די ברי־דער דאַראַכוועלידזע און אַלע, וואָס האָבן געוווינט אין דעם הויז, אַז ווען זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים, איז איידער זיי וועלן אַרײַן אין שטוב, זאָלן זיי פאַרגיין אין פאַרשיידענע הויפן, קעדיי צו פאַר־פּלאָנטערן די שפּורן.

אין צוויי וואָכן ארום איז אדאנק די נאָכשפּירונגען, וואָס עס האָבן געפירט די מיטגלידער פון דער רעוואָליוציאָנערער אָרגאניזאציע נאָך דער טעטיקייט פון דער פּאָליציי, קלאָר געוואָרן, אז דער פּאָ־ליציי איז באוווּסט סײַ דאָס אָרט, ווו עס געפינט זיך די אונטערער־דישע דרוקערײַ, סײַ די דירע פונעם כאווער סאָסאָ און, אז די פּאָ־ליציי ווארט נאָר אף א באקוועמען מאָמענט צו פארכאפּן די דרוקע־רײַ בא דער ארבעט.

איוולִיאַן שאפּאטאווא האָט ארײַנגעטראָגן א פּאָרשלאָג: ניט פאר־לירנדיק קיין איין מינוט, גלײַך זיך נעמען אריבערוואַרפן די דרו־קערײַ אין אן אנדער, מער זיכער אָרט. אָבער כאווער סאָסאָ איז דערופ ניט אײַנגעגאַנגען.

— עס איז גאָרניט. — האָט ער געזאָגט, — הײַנט וועלן זיי ניט קומען, און מאָרגן וועלן מיר באוויַיזן צו באהאלטן די דרוקערײַ. איך אליין אָבער, וועל אין ערגעץ פונדאנען ניט גיין.

יענעם גאנצן טאָג און די גאנצע נאכט האָט כאווער סטאלין אָן אופהער געארבעט אין דער דרוקערײַ. ערשט אף מאָרגן, ווען עס איז פארטיק געוואָרן די נייטיקע צאָל פלוג־בלעטלעך, האָט זיך כא־ווער סאָסאָ פארנומען מיטן אריבערפירן די דרוקערײַ אין א צווייט, מער זיכער אָרט.

---

דער בעסוילעם סאָוק-סו ליגט אפן וועג פון גאָראָדאָק צום יישעוו מאכמודיע. דער וועכטער פונעם בעסוילעם איז געווען איל-אר־יאָן קאטשאכמאדזע, א מיטגליד פון באטומער סאָציאַל-דעמאָקראטישער אָרגאניזאציע. וועגן דעם, וואָס פאר א ראָליע דער דאָזיקער בעסוי־לעם האָט געשפּילט אין דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער אר־בעט, דערציילט קאטשאכמאדזע אָט וואָס:

— מיט א קליינ שטיקל צײַט פאר די בלוטיקע מארט-געשעענישנ, אינ פעווראל 1902, איז צו מיר איינ מאָל געקומענ סיליביסטראָ לאָמדזשאריא אונ דערקלערט, אז ער איז געשיקט פונ סאָסאָ דזשוגאשווילי, וועלכער וויל צונויפרופנ אפנ בעסוילעמ א געהיימע פארזאמלונג.

איכ האָב פארשטאנענ, וואָס עס האָט זיכ פונ מיר געפאָדערט, אונ צו דער באשטימטער שאָ האָב איכ אײַנגעאָרדנט אלצ, וואָס מע האָט געדארפט. באנאכט האָט געגאָסנ א גרויסער רעגנ, אָבער, ניט געקוקט דערופ, איז די פארזאמלונג געווענ א פילצאָליקע. אלס פאָרטרעגער זײַנענ ארויסגעטראָטנ די כאווײרימ סאָסאָ דזשוגאשווילי אונ קאָציא קאנדעלאקי. גענוי וואָס מע האָט גערעדט אפ דער דאָזיקער פארזאמלונג, געדענק איכ שוינ איצט ניט, אָבער איכ געדענק גוט, אז פאר די ארבעטער איז געשטעלט געוואָרנ די פראגע וועגנ דער נייטיקײַט ארויסצושטעלנ עקאָנאָמישע פאָדערונגענ צו די אונטערנעמער.

אפ מאָרגנ נאָכ דער דאָזיקער פארזאמלונג בינ איכ אופגעשטאנענ וואָס פריִער, קעדיי אופצוראמענ די קערטלעכ פונ די פאפיראָסנ, וואָס זײַנענ פארבליבנ אפ דער ערד, די שפורנ פונ די מענטשנ־טריט האָט דער רעגנ אראָפגעשווענקט. אינ יענעמ טאָג האָט מענ אפנ בעסוילעמ געדארפט ברענגענ א בארמינענ, אונ איכ האָב זיכ גענומענ גראָבנ דעמ קייווער. אינמיטנ דער ארבעט איז געקומענ צו מיר דער עלטסטער סטראזשניק פונ גאָראָדאָק. מיט א דערשראָקענער אונ צוגלײַכ מיט א בייזער שטימ האָט ער צו מיר א זאָג געטאָנ:

— באנאכט, ווײַזט זיכ ארויס, איז דאָ געווענ א פארזאמלונג, אונ דו ווייסט פונ גאָרניט!

וואָס האָב איכ אימ געקאָנט ענטפערנ דערופ? איכ האָב נאָר געזאָגט, אז איכ ארבעט באטאָג, אונ וועגנ דעמ, וואָס עס קומט פאָר באנאכט ווייס איכ גאָרניט.

דער סטראזשניק איז שרעקלעכ ארויס פונ די קיילימ, אָנגעהויבנ

שרײַען, אָבער, זעענדיק, אז איך לייג קיין שום אכט ניט דערופ און, אויסגעדרייט צו אים מיט דער פלייצע, זעצ איך פאָר מײַן אר־בעט און גראָב דעם קיווער,— האָט ער בייז אויסגעשפיגן און איז אוועק.

סאָפ פעווראל, קימאט ערעוו די מארט-געשעענישן האָט כאווער סאָסאָ, אפן זעלבן בעסוילעם צונויפגערופן נאָך איינע א באנאכטיקע פארזאמלונג, אפ וועלכער עס איז שוין דעטאל אויסגעארבעט גע־וואָרן דער פלאן פון קומענדיקן שטרײַק.

דער בעסוילעם סאָוק-סו איז געווען א באהעלטעניש פאר די רעוואָליוציאָנערן אין באזונדערס שווערע מאָמענטן פון זייער ארבעט.

איינמאָל אינאָוונט, אין אפריל, האָט זיך לעבן טויער פון בעסוי־לעם אָפגעשטעלט א פאיעטאָן. פון פאיעטאָן איז ארויס קאָציא קאנ־דעלאקי און צוגערופן צו זיך אילאריאָן קאטשאכמאדזע.

— הער אויס, אילאריאָן, אָט די דאָזיקע דרוקערײַ,— כאווער קאנדעלאקי האָט אָנגעוויזן אפן פאיעטאָן,— איז געשיקט צו דיר פון אונדזער אָרגאניזאציע און דו דארפסט זי גוט באהאלטן.

אין פאיעטאָן זײַנען געווען צוויי גרויסע קרוגן מיטן שריפט און א דרוק-פרעס. אילאריאָן האָט גערופן צוהילפ זײַן ווײַב און זיי האָבן צוזאמען אוועקגעטראָגן דעם דרוק-פרעס און די קרוגן אין קו־קורוזע-גאָרטן, וואָס איז געווען דאָ דערבײַ לעבן דער שטוב, ווו קאטשאכמאדזע האָט געווױנט. דער פאיעטאָן מיט קאָציי קאנדעלאקי איז שנעל פארשוווּנדן געוואָרן.

אילאריאָן איז שוין קימאט דערגאנגען ביזן קוקורוזע-גאָרטן, ווי פלוצלינג האָט זיך פון וועג דערטראָגן צו זײַן געהער א געקלאפערײַ פון פערדישע טלאָען. ניט אראָפנעמענדיק דעם דרוק-פרעס פון זײַן פלייצע, האָט אילאריאָן זיך צוגעזעצט הינטער א קוסט און דערזען, ווי עס פליִען אין דער זײַט צו גאָראָדאָק רײַטער-זשאנדארמען. ווען זיי זײַנען פארבײַגעריטן, האָט זיך אילאריאָן אופגעהויבן און געוואָלט טראָגן דעם דרוק-פרעס ווײַטער, נאָר אין דעם מאָמענט האָט ער ווי־



דעם כּ׳ סטאלינס נאָענטסטע מיטקעמפּער אינ באַטומער
אונטערערד (פונ לינקס אפ רעכטס): דאראכוועלידזע
דאריספּאנ, דאראכוועליִדזע אילאריאָנ, באראטשקאָריא
דאָמענטי (אלע דריַי—ארבעטער פונ מאנטאָשאָוס זאוואָד),
קורידזע פּאָרפירי (אנ ארבעטער פונ ראָטשילדס זאוואָד)

דער דערהערט א קלאַפּערײַ פֿון פֿערדישע טלאָען. איליאַריאָן האָט ווידער מיטן כּרעס אַף דער פּלײצע זיך באַהאַלטן הינטער א קוסט. דאָסמאָל זײַנען געווען קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך פֿלינק פֿאַרבײַגע־טראָגן פֿאַרבײַ דעם בעסוילעם.

ווײַזט אויס, אַז די זשאַנדאַרמען און קאָזאַקן האָבן זיך געפּרוּווט כאַפּן קאָציאַ קאַנדעלאַקי צוזאַמען מיטן דער דרוקערײַ.

פֿון דער צײַטווײַליקער באַהעלטעניש אַפֿן בעסוילעם סואָק-סו איז די דרוקערײַ אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו סילִיבִיסטראָ לאָמדזשאַריאַ אין שטוב. אָבער אויך דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אומעגלעך כאָטש ווי־עס־איז רויִק צו אַרבעטן און אויסבאַהאַלטן די דרוקערײַ. פּאָליציאַנטן האָבן אַרומגענישטערט איבער גאַנץ גאָראָדאָק. פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן דער אויסערגעוויינ־לעכער נייטיקײַט צו באַהאַלטן די דרוקערײַ וואָס ווײַטער. אָבער אַזוי, פֿאַרשטייט זיך, אַז כאַווער סאָסאָ זאָל קאָנען דאָרט אַרבעטן אָן שטע־רענישן.

---

אין די אַקטן פֿון דער קאַווקאַזער אַרכעאָגראַפֿישער קאָמיסיע גע־פֿינט זיך א דאָקומענט, ווו עס ווערט דערציילט:

„אין יאָר 1830 איז אַבכאַזיע געבראַכט געוואָרן צו ענדגילטיקער אָפּהענגיקײַט".

מיט אַזא הילצערנער רויִקײַט און כוצפּע האָט געשריבן אין זײַן ראַפּאָרט דער צאַרישער סאַטראַפּ מיט א סאַך יאָרן צוריק.

אין יאָר 1830 איז אין דער געשיכטע פֿון אַבכאַזיע פֿאָרגעקומען א גרויסע געשעעניש, וואָס איז געפֿאַלן אַפֿן קאָפּ פֿון אַבכאַזער אַר־בעטנדיקן פֿאָלק, ווי א גרויסער אומגליק.

ניט אַזוי פּראָסט און ניט אַזוי גרינג ווערט „געבראַכט צו אָפּ־

הענגיקייט" א גאנצ לאנד, — א לאנד, וואס האט פונ דאר צו דאר פארטיידיקט איר פרייהייט. אונ בלויז ערשט דאנ, ווענ די „באצווינגער" האבנ פארפלייצט דאס דאזיקע לאנד מיט א יאמ בלוט אונ טרערנ, ווענ זיי האבנ פארזייט זייער וועג מיט טויטע קערפערס פונ די פרייע אבכאזער, איז זיי געלונגענ „צו ברענגענ צו ענדגילטיקער אפהענגיקייט" אבכאזיע.

ווענ מע האט צוזאמענגעשטעלט די אקטנ פונ דער ארכעאגרא-פישער קאמיסיע, האט זיכ די באצווינגער געדוכט, אז אבכאזיע איז שוינ ווירקלעכ פעסט אונ ענדגילטיק באצוווּנגענ. אבער גאר ניט אזוי האבנ געטראכט די אבכאזער אליינ.

ברייט האט זיכ צעגאסנ איבער די בערג די כוואליע פונ אברע־קערייַ. די מענטשנ, וואס זייַנענ געווארנ אברעקנ, זייַנענ לאכלוטנ ניט געווענ קיינ גאזלאנימ, ווי א סאכ האבנ וועגנ זיי געטראכט, דאס זייַנענ געווענ מענטשנ, וואס האבנ ניט געקאנט לייַכט אריבער-טראגנ די ארייַנמישונג פונ די צארישע טשינאווניקעס אונ פונ די קריסטלעכע מיסיאנערנ אינ זייער אינערלעכ לעבנ, מענטשנ, וואס האבנ ניט געוואלט שאלעמ מאכנ מיטנ גוואלט-טאט איבער זיי, מיט דער צוואנג-טויפונג, מיטנ ווילקיר פונ די סטראזשניקעס אאוו. אדגל. זיי פלעגנ דערהארגענענ די טשינאווניקעס, פארטיליקנ די מי-ליטער-טיילנ, ניט געשאנעוועט אויכ די מיסיאנערנ אונ, אויסמייַדנדיק די פארפאלגונגענ פונ די באצווינגער, פלעגנ זיי אוועק אינ די בערג, פלעגנ ווערנ אברעקנ — מענטשנ אויסערנ געזעצ.

ווי א געדעכעניש אינ דער געשיכטע פונ אייַנעמענ קאווקאז אונ אינ דער געשיכטע פונ דער רעוואליוציאנערער באוועגונג אינ אבכאזיע זייַנענ אריַינ די גרויסע צוזאמענשטויסנ צווישנ דעמ צארישנ מיליטער אונ די אבכאזער פויערימ. דער סאמע גרעסטער כאראקטע־ריסטישער פונ די דאזיקע צוזאמענשטויסנ האט זיכ פארענדיקט מיטנ פארטיליקנ אפנ ליכנער [1] פלאצ א גרויסנ אטריאד קאזאקנ אינ

1 ליכני — די דעמלטיקע הויפטשטאט פונ אבכאזיע.

דער שפּיץ מיטן פּאָלקאָווניק קאָניאר, וועלכער האָט פאר דעם גע־מאָלדן די „גנעדיקע" צארישע געזעצן, וואָס אונטערוואַרפן זיך זיי האָט די אזוי אויך. געגוג אויסגעמאטערטע באפעלקערונג קיין שום כיישעק ניט געהאט.

אלס ענטפער אפ די דאָזיקע געשעענישן האָט זיך א שאָט געטאָג פון דער צארישער רעגירונג אומדערהערטע רעפּרעסיעס, וואָס האָט געצוווּנגען די אבכאזער צו פארלאָזן די היימאט און עמיגרירן אין טערקײַ.

אין יאָר 1877 האָבן זיך אין אלע עקן אבכאזיע א צי געטאָן צום ברעג יאם קאָלאָסאלע מענגעס אבכאזער מיט זייערע מישפּאָכעס, מיט די אָרעמע בעבעכעס און הײַפעלעך ערד פון זייער היימאט, פאר־בונדן אין טיכעלעך און באשליקן. באם ברעג האָבן שוין געוואַרט אפ די דאָזיקע מענטשן טערקישע שיפן מיט גרויסע פײַערדיקע האלבע לעוואָנעס אפ די זעגלען.

און עס זײַנען אוועק די מאכאדזשירן[1] אין יאם. עס זײַנען אוועק די פארטריבענע זוכן בעסערע טעג, זוכן א בעסערן באָדן פאר רויִקער מי.

א סאך מאכאדזשירן, וואָס האָבן ניט געהאט קיין מיטלען צו דערקלײַבן זיך ביז צו דער צוגעזאָגטער ערד אין טערקײַ, זײַנען נאָך לאנגע פלאָגענישן איבערן יאם ארויסגעזעצט געוואָרן אין באטום. דאָ האָבן די אבכאזער פון אָנהייב געארבעט אלס טאָג-ארבעטער אפן ברעג. דערנאָך האָבן זיי צוזאמענע מיט די אדזשארער זיך באזעצט ארום באטום, ווו זיי האָבן געשאפן די יִשוּווים מאכמודיא, פעריא, פעזיא סאליבאורי, אנקיסא און קאכאבערי.

---

1 פארטריבענע.

אין יִישעוו מאכמודיא האָט געלעבט אַן אבכאזער מיטן נאָמען כאשים סמירבא. ער איז געווען איינער פון די מאכאדזשירן.

די שכיינים-פויערים און א סאך שטאָטישע ארבעטער האָבן כא-שימען געקענט אלס אַן ערלעכן און געוואגטן מענטשן. אָט צו אים האָט זיך עס געווענדט די באטומער רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע אין א שווערן מאָמענט פון איר ארבעט.

אין דעם איניען רעוואָליוציע האָט כאשים פארשטאנען ווייניק, אָבער ווען סיליביסטראָ לאָמדזשאריא איז געקומען און, דערקלערנ-דיק די זאך, געבעטן א באהעלטעניש פארן כאווער סאָסאָ מיט דער אונטערערדישער דרוקעריַי, האָט כאשים געזאָגט:

— גוט!

און אינעם זעלבן אָוונט האָט כאשים אליין מיט זיַין זון כעמדי און איידעם רעדזשעב, רײַטנדיק אריבערגעפירט די דרוקעריַי פון לאָמדזשאריאן צו זיך, און אפ מאָרגן האָט זיך בא זיי באזעצט כא-ווער סאָסאָ.

זייער אָפּט האָבן כאשימס שכיינים געזען, ווי צו אים אין שטוב גייען פרויען, פארדעקטע מיט א טשאדרע, אָבער זיי האָבן אָן פיל מי דערקענט אין די פרויען איבערגעטאָנענע מאנצבלען. א סאך האָבן די פויערים געטראכט וועגן דעם, פארוואָס האַלטן עס אין איין גיין צו כאשימען אין שטוב איבערגעטאָנענע מאנצבלען און פארוואָס גייט עס כאשים אליין אזוי אָפּט אוועק פון שטוב מיט א פולן קויש גרינס.

די מענטשן, פארדעקטע מיט א טשאדרעס, זיַינען געווען די זע-צער, וואָס האָבן געארבעט צוזאמען מיטן כאווער סאָסאָ אין דער אונטערערדישער דרוקעריַי, און אין כאשימס קוישן מיט גרינס האָבן זיך געפונען טשיקאווע זאכן.

כאשים האָט ניט נאָר אויסבאהאלטן בא זיך אין שטוב דעם אונטערערדישן רעוואָליוציאָנער — דעם כאווער סאָסאָ און זיַין דרו-קעריַי, נאָר ער האָט אויך מיט דער גאנצער געוויסנהאפטיקייט זיַי-

נער פאַנאַנדערגעטראָגן, ווי מע האָט באַדאַרפט, די פּראָדוקציע פון דער דאָזיקער דרוקעריי. כאַשימ האָט פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס און פליג-בלעטלעך צווישן דער פויערישער באַפעלקערונג, צווישן די אַרבעטער, און אַמאָל, לויט די אויפגאַבן פון כאַווער סאָסאָ האָט ער זיי געפירט קיין פּאַטי און אָזירגעטי, באַהאַלטנדיק זיי אין פרישן קרויט. אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן האָט כאַשימ פאַרקויפט „פרוכטן", און ווען עס פלעגט צו אים צוגיין אַ קוינע, אין וועלכן ער איז ניט געווען זיכער, פלעגט כאַשימ בורטשען:

— אַללאַ, אַללאַ! ס'איז ניט קיין אַרבעט פאַר מיר, פאַר אַ זאָקן, צו שלעפּן פרוכטן אַף די אייגענע פּלייצעס, אָבער וואָס טוט מען, אַז דער פאַרשאָלטענער דאַלעס צווינגט.

פאַר די זיכערע קוינים פלעגט ער אָן איבעריקע רייד איינוויקלען די פרוכטן אין פּראָקלאַמאַציעס און פליג-בלעטלעך.

און כאַשימס שכיינים האָבן אַלץ ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. וואָס זשע טוט זיך עס באַם אַלטן? מע קומט, פאַרדעקטע אונטער אַ טשאַדרע, מע גייט אַוועק, פאַרדעקטע אונטער אַ טשאַדרע. כאַשימ האַנדלט שיר ניט יעדן טאָג מיט פרוכטן און גרינס. און זיי האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, זיינע שכיינים די זקיינים. אָבער ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז בא כאַשימען אין שטוב דרוקן זיך עפּעס פּאַפּירן, האָבן זיי געלייזט די פראַגע אַף זייער אויפן: ניט אַנדערש, אַז בא כאַשימען אין שטוב דרוקן זיך פאַלשע אַסיגנאַציעס, און דער דאָזיקער מענטש — סאָסאָ — מאַכט עס די פאַלשע געלט. אַגעוו, ביז כאַשימ איז ניט צוגעצויגן געוואָרן צו דער פאַרשפּרייטונג פון די בלעטלעך, האָט ער אַליין אויך געטראַכט, אַז כאַווער סאָסאָ דרוקט פאַלש געלט.

און אָט, איינמאָל אינאָוונט, ווען כאַווער סאָסאָ איז געווען אין דער היים, זיינען צו כאַשימען אין שטוב געקומען עטלעכע פויערים — אַבכאַזער און אַדזשאַריער. זיי האָבן געשמועסט וועגן דער ווירטשאַפט, וועגן פּראָדוקטן, וועגן דעם יאַקרעס, וועגן דעם, אַז

זיי האָבן ווייניק געלט, און, ווען זיי האָבן גערעדט וועגן דעם, האָבן זיי פּלוצלינג א פרעג געטאָן דעם כאוער סאָסאָ:

— הער, סאָסאָ! א גוטער מענטש ביסטו און א גוטע זאַך טוסטו. און מיר פילן, אז מיר, אָרעמע, וועלן אינגיכן באַקומען פון דיר א טויווע. אָט, גאַנצע נעכט אַרבעטסטו, דרוקסט, און קיין רע־וואָלטאַטן זעען זיך עפּעס ניט. ווען זשע וועסטו סאָפּקאָלסאָפּ לאָזן אין גאַנג דײַן געלט?

לאַנג האָט כאוער סאָסאָ שווײַגנדיק געקוקט די פּויערים אין די אויגן און דערנאָך האָט ער צו זיי געזאָגט:

— אָט וואָס, אַלטע! קיין מאַכער פון פאַלש געלט בין איך דורכויס ניט, און קיין שום פאַלשע אַסיגנאַציעס דרוק איך ניט. העלפן אײַך אין אײַער אָרעמקײַט, אין אײַער שווערער לאַגע וויל איך טאַקע, אָבער ניט אַזוי, ווי איר מיינט. איך דרוק ניט קיין געלט, נאָר פּראָקלאַמאַציעס, וווּ איך שרײַב, ווי שווער אײַך לעבט זיך און ווי־אַזוי פּאָטער צו ווערן פון דעם דאָזיקן אומגליק. איך וויל, אַז איר זאָלט צוזאַמען מיט די אַרבעטער אַראָפּוואַרפן פון זײַן הויכן בענקל דעם צאַר און שאַפן אײַער אייגענע מאַכט, אַז איר זאָלט אַליין קאָ־נען זײַן די באַלעבאַטים פון אײַער לעבן און מי.

די זקיינים האָבן געשוויגן. זיי האָבן געקוקט איינע אויף די אַנ־דערע און גוט פאַרשטאַנען די שטומע פראַגן, וואָס זיי האָבן איינע די אַנדערע פאַרגעבן בלויז מיט די אויגן. און דערנאָך האָט איינער פון די בײַוועזנדיקע, דער עלטסטער אין יאָרן געזאָגט:

— גוט, סאָסאָ! די זאַך, וואָס דו טוסט איז פאַר אונדז ניט קיין פרעמדע זאַך. העלפן דיר מאַכן פאַלש געלט וואָלטן מיר, גלייב איך, זיך ניט אונטערגענומען, ווײַל דאָס איינציקע, וואָס מיר ווייסן וועגן געלט איז, אַז אונדז פעלט עס שטענדיק. אָבער אָט, ווען דו זאָגסט, אַז דער צאַר שטערט אונדז גוט צו לעבן, דאָ פאַרשטייען מיר א סאַך, און כּוֹן איצט אָן וועט יעדער איינער פון אונדז זײַן ניט קיין שלעכטער געהילף דײַנער. ביז הײַנטיקן טאָג האָט דיך

אויסבאהאלטן איין כאשים — א דאנק אים דערפאר, אָבער פון איצט אָן וועלן מיר אלע אויסבאהאלטן דיך און דײַן ארבעט, אפ וויפל עס וועט אונדז נאָר קלעקן קויכעס און פארשטאנד.

דערמיט זײַנען די זקיינים אוועק.

בלײַבנדיק אויג אפ אויג מיט כאשימען, האָט כאווער סאָסאָ צו אים געזאָגט:

— עפשער איז דיר ניט באקוועם, כאשים, וואָס איך פיר בא דיר אין שטוב אזא מין ארבעט, וואָס קאָן ברענגען א סאך פאר־שיידענע רעזולטאטן. עפשער וועסטו ניט וועלן, כאשים, אויב עס וועט אויסקומען, ארײַנפאלן צוזאמען מיט מיר אין טורמע. איך וויל דיך ניט באאוולען און, אויב דו ווילסט, וועל איך אוועקגיין פון דיר.

כאשים האָט לאנג, שווײַגנדיק געררייכערט זײַן פיפקע, געקוקט אפן כאווער סאָסאָ מיט אן אײַנגעשפארטן בליק און דערנאָך גע־זאָגט:

— דו האָסט אוואדע געזען, סאָסאָ, בא מיר אפן הויף צוויי בייזע הינט. בלײַב דאָ, די דאָזיקע פאָר הינט וועלן קיין שום פרעמדן אהער ניט ארײַנלאָזן.

כאשים האָט נאָך א ווײַלע געשוויגן און דערנאָך אָפגעזיפצט:

— ביסט א גוטער מענטש, סאָסאָ, א שאָד נאָר, וואָס דו ביסט ניט קיין מוסולמאנער.

— און וואָס וואָלט געווען, ווען איך בין א מוסולמאנער? — האָט כאווער סאָסאָ געפרעגט.

— אויב דו ווערסט א מוסולמאנער, מאך איך דיך כאסענע פאר אזעלכע זיבן שיינהײַטן, וואָס דו האָסט נאָך אוואדע אפ דײַן לעבן ניט געזען. דו ווילסט זײַן א מוסולמאנער?

כאווער סאָסאָ האָט מיט א שמייכל געענטפערט:

— גוט! — און א דריק געטאָן כאשימס האנט.

דעם דאָזיקן „גוט“ האָט כאשים ביזן סאמע טויט ניט געקאָנט

פארגעסנ. ער האָט ניט געקאָנט פארגעסנ, וואָס סאָסאָ האָט אזוי אופמערקזאמ זיכ באצויגנ צו זײַנע זקײנישע אָנשויונגענ, אונ וואָס סאָסאָ האָט אימ ניט אויסגעלאכט פארנ פאָרשלאָג צו ווערנ א מו-סולמאנער. זײַענדיק שוינ א זיבעציק יאָריקער זאָקנ האָט כאשימ וועגנ דעמ א סאכ מאָל דערציילט זײַנ זונ כעמדי אונ דעמ אבכאזער מוסטאפא אצאנבא.

אפ מאָרגנ אינדערפרי איז כאשימ אינ א מונטערער שטימונג געקומענ צומ כאווער סאָסאָ.

— האָב פאר קײנ שומ זאכ קײנ מוירע ניט, — האָט ער צו אימ געזאָגט. — דײַנ ארבעט וועט זיכ ענדיקנ זײער גוט.

— פארוואָס מײנסטו אזוי? — האָט בא אימ געפרעגט כאווער סטאלינ.

— א כאָלעמ האָב איכ געזענ, סאָסאָ. אונ דו ווײסט, וואָס פאר א כאָלעמ? עס האָט זיכ מיר געכאָלעמט, אז דו האָסט גאנצ קאווקאז באפרײַט פונ די צארישע סאָלדאטנ, אונ אז אונדז אלעמענ האָט זיכ גענומענ לעבנ אזוי גוט, אזוי גרינג אונ פרײַ. ווײס, אז דאָס איז גוט. זײער גוט, סאָסאָ!

וועגנ אָט דעמ כאָלעמ זײַנעמ אונ וועגנ דעמ, אז ער האָט אימ דערציילט דעמ כאווער סטאלינ, האָט כאשימ ליב געהאט צו דער-ציילנ דעמ טרעגער מוסטאפא אצאנבא.

---

אײנמאָל באנאכט איז כאווער סאָסאָ געזעסנ בא דראכווע-לידזענ אינ דער דירע. צוזאמענ מיט אימ איז דאָרט געווענ איליכ קאָציא קאנדעלאקי. זײ האָבנ גאָרניט געטראכט, אז אונטער דער שטוב זײַנענ געזעסנ שפיקעס אונ אונטערגעהערט זײער שמועס.[1]

1 קעדײַ אויסצומײַדנ פײַכטקײַט, ווערנ אינ די נידעריקע ערטער פונ טראנס-קאווקאז געבויט די הײַזער אפ הויכע שטײנערנע סלופעס.

לאנג האָבנ די פּאָליציִאנטנ גענישטערט אינ אלע ווינקעלעכ פונ דער דירע אונ, גאָרניט ניט געפינענדיק, האָבנ זיי געמאָלדנ, אז די כאוויירימ סאָסאָ, קאָציא קאנדעלאקי אונ די ברידער דאראכוועלידזע זײַנענ ארעסטירט. כאווער סאָסאָ איז רויִק געשטאנענ באמ פענצ־טער, געריייכערט א פּאפּיראָס אונ בארויִקט די כאוויירימ, אז דאָס אלצ זײַנענ נארישקײַטנ, אפ וועלכע עס לוינט זיכ ניט אומצוקוקנ [1].

דאָס איז געווענ דעמ 5־טנ אפּרעל 1902.

ווענ סטאלינ איז געזעסנ אינ דער טורמע, האָט כאשימ ניט איינ מאָל זיכ געריסנ צו זענ זיכ מיט אימ, נאָר מע האָט עס אימ אלצ ניט דערלויבט. כאווער סטאלינ האָט דורכנ פענצטער פונ זײַנ קאמער אָפט געזענ כאשימענ, וואָס האָט אומדערמידלעכ ארומגע־בלאָנקעט ארומ דער טורמע.

אינעמ פינצטערנ דורכלויכט פונ טורמע־פענצטער האָט כאשימ, ניט געקוקט אפ אלע זײַנע אָנשטרענגונגענ, ניט געקאָנט באמערקנ סטאלינענ.

איינמאָל האָט כאווער סאָסאָ אימ א רופ געטאָנ:

— כאשימ, כאשימ! וואָס מאכסטו?

1 מיט א קורצער צײַט פאר אָט דעמ ארעסט האָט די פּאָליציי געמאכט אנ אונטערזוכונג אינ איינער פונ די קאָנספּיראטיווע דירעס אינ שטאָט. אינ דעמ מאָ־מענט, ווענ אינ די פּאָדערשטע צימערנ איז געגאנגענ די אונטערזוכונג, האָבנ זיכ אינ די הינטערשטע צימערנ געפונענ עטלעכע ארבעטער־רעוואָליוציִאָנערנ אונ צווישנ זיי כאווער סטאלינ. דערוויסנדיק זיכ, אז די פּאָליציי איז געקומענ אונ, פארשטייענדיק מיט וואָס דאָס קאָנ זיכ אויסלאָזנ, האָבנ אייניקע ארבעטער פּאָרגעשלאָגנ די גאנצע שולד ארופוארפנ אפנ כאווער סטאלינ. דערופ איז אויכ באשטאנענ סטאלינ אליינ. אָבער די מער באוווּסטזיניקע ארבעטער האָבנ גענומענ פּראָטעסטירנ קעגנ אזא מינ שריט, זאָגנדיק: „וואָס איז עס, מיר גייענ דענ אינ קליידלעכ, אז מיר קאָנענ ניט ראטעווענ א מענטשנ, וואָס איז נייטיק פאר דער פּארטיי?“ נאָר עס האָט זיכ געמאכט אזוי, אז די פּאָליציי האָט זיכ באנוגנט מיט דער אונטערזוכונג אינ די פּאָדערשטע צימערנ אונ איז אוועק. דאָס האָט שוינ בעמיילע געלייזט די דיסקוסיע.

ערשט דעמלט האָט אימ כאשימ באמערקט און, פּאָכנדיק מיט די הענט, געענטפערט:

— גוט. האָב קיינ מוירע ניט!

און לאנג איז נאָכ כאשימ געשטאנען, געקוקט אפנ פענצטער און מיט מיטגעפיל געשאָקלט מיטנ קאָפּ צומ ארעסטירטנ כאווער סאָסאָ.

פונ דער באטומער טורמע האָט מענ דעמ כאווער סטאלינ אריבערגעפירט אינ דער קוטאיסער און אימ אריינגעזעצט דאָרט אינעמ ערשטנ סעקטער פונ דער אזוי גערופענער גרויסער טורמע.

נאָכ דעם, ווי עס איז אָנגעקומענ אהינ נאָכ א גרופּע פּאָליטישע ארעסטירטע, האָט כאווער סטאלינ אָרגאניזירט א טורמע-שטרייַק.

די אומרוען אינ דער טורמע זייַנען זיכ אזוי שטארק צעוואקסנ, אז עס איז געקומענ דער פּראָקוראָר, דער גובערנאטער און אנדערע מאכטהאָבער. סטאלינען האָט מענ ארויסגערופנ אפ א פארהער, ווו ער האָט מיט דער גאנצער פאראקשנטקייַט און אייַנגעשפּארטקייַט פארטיידיקט די פּאָדערונגענ, וואָס עס האָבנ ארויסגעשטעלט די פּאָליטישע ארעסטירטע, צו פארבעסערנ זייער טורמע-רעזשים. די פּאָדערונגענ זייַנען באפרידיקט געוואָרנ: די ארעסטירטע זייַנען אריבערגעפירט געוואָרנ אינ איינ גרויסער קאמער, עס איז דערלויבט געוואָרנ צו אייַנשאפנ זיכ אפנ אייגענעמ כעזשבנ טאכטעס, עס זאָל ניט אויסקומענ צו שלאָפנ אפנ צעמענטענעמ דיל, אאוו. אדגל.

כאווער סטאלינ האָט אינ דער טורמע אָרגאניזירט קרייַזלעכ און געפירט א סיסטעמאטישע ארבעט, אופגעקלערט די פּראָגראמ פונ דער פארטיי און געלערנט, וויאזוי צו אָרגאניזירנ די ארבעט צווישנ די פויערים. נאָכ א זעכצנ-כאדאָשימדיקנ זיצנ אינ טורמע האָט מענ דעמ כאווער סטאלינ ארויסגעשיקט אפ דרייַ יאָר אינ מיזרעכ-סיביר — אינ דאָרפ נאָוואיא אודא באלאגאנער אויעזד אירקוטסקער גובערניע. די באגלייטונג, וואָס עס האָבנ אייַנגעאָרדנט די איבערגעבליבענע כאווייִרים דעמ כאווער סטאלינ, האָט זיכ פארוואנדלט אינ א נייַער דעמאָנסטראציע פונ אלע ארעסטירטע.



די קאמער פון באטומער טורמע, אין וועלכער ס׳איז געזעסן כ׳ סטאלין.

אין באטומער אונטערערד איז אָנגעקומענ א שטילשטאנד. גלײַך נאָכן כאווער סאָסאָ זײַנענ ארויסגעשיקט געוואָרן פונ טראנסקאווקאז אויך אנדערע אָנגעזעענע אָנפירער פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג.

אָבער דער שטילשטאנד האָט געדויערט ניט לאַנג.

שוינ אינ איינ כוידעש ארום נאָכנ אָנקומענ אינ דער פארשיקונג, אינ יאנוואר 1904, איז סטאלינ אנטלאָפנ פונ דאָרטנ אונ זיך צוריקגעקערט אפ אומלעגאלער ארבעט אינ טראנסקאווקאז.

נאָך דער שפאלטונג אפנ II פארטיי-צוזאמענפאָר שטעלט זיך סטאלינ, אָנ וואקלענישנ, אפ לענינס זײַט, אפ דער זײַט פונ די באָלשעוויקעס. אונ אָט האָט איינמאָל כאווער סאָסאָ זיך ווידער באוויזנ אינ באטום אינ סאָלדאטנ־קליידער אונטערנ נאָמענ קאָבא. קימאט איינ צײַט מיט אימ איז קיינ באטום געקומענ דער אָנגעזעענער מענשעוויק פעטרע — נוי ראמישווילי. ניט געקוקט דערופ, וואָס די מערהײַט נאָך ניט גענוג רעוואָליוציאָנער-רײַפע ארבעטער איז געווענ אפ דער זײַט פונעם מענשעוויק פעטרע (נוי), האָבנ אָבער די בעסערע, אינ קאמפ פארהארטעוועטע ארבעטער זיך געשטעלט אפ סטאלינס זײַט.

סאָסאָ פלעגט גיינ אפ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ אונ, קאָנטראָלירנדיק די רייענ פונעמ ארבעטער-קלאס, פלעגט ער פילבאר נאָכשפירנ, ווער אפ א וואָסער זײַט עס נייגט זיך. איינ מאָל, ווענ כאווער סאָסאָ איז געקומענ אפ מאנטאשאָווס זאוואָד, איז ער צוגעגאנגענ צומ מענשעוויסטיש־געשטימטנ ארבעטער פאוולע דאָליבאדזע אונ אימ געפרעגט:

— שוינ זשע, פאוולע, האָסטו שוינ אויך גענומענ דענקענ מענשעוויסטיש?

כאווער סאָסאָ האָט שוינ פריִער עפּעס געהערט וועגנ פאוולעס שטימונגענ.

— די מערהײַט פונ מײַנע כאוויירימ זײַנענ דאָרטנ, דריבער בינ איך אויך מיט זיי.

כאווער סטאלינ האָט מיט פאָרוואורפ א קוק געטאָנ אפ דאָליבא־דזענ אונ כמורנע געזאָגט:

— די דאָזיקע מערהײַט, לאָמיר זאָגנ, איז גאָר קײנ מערהײַט ניט,— דאָס זאָג איכ דיר אינ זינ פונ דער קוואליטעט פונ די רע־וואָליוציאָנערנ. אָבער ביכלאל, מאכט עס ניט אוים: עס וועט קומענ די צײַט, וועסטו דערזענ, ווער עס איז געווענ גערעכט אונ ווער— אומגערעכט.

שארפ זיכ אויסדרײענדיק, איז כאווער סאָסאָ ארויס פונ צעכ.

נאָכ ביז כאווער סאָסאָס צוריקומענ, האָט כאווער איליאריאָנ דא־ראכוועלידזע, דערהערנדיק וועגנ דער שפאלטונג אינ דער פארטײ, אײנמאָל א פרעג געטאָנ באם זעצער פונ דער אונטערערדישער דרוק־קערײַ, באם כאווער געאָרגי, וואָס טראכט ער וועגנ דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומענ אינ דער פארטײ.

כאווער געאָרגי האָט געענטפערט:

— דערווײַל קאָנ איכ דיר נאָכ גאָרנישט ניט זאָגנ, ווײַל איכ ווארט אפ סאָסאָס קומענ, אונ ווענ ער וועט קומענ, וועל איכ זיכ האלטנ אָנ דעמ, וואָס ער וועט מיר זאָגנ, ווײַל איכ בינ זיכער, אז סאָסאָ וועט קײנ טאָעס ניט מאכנ.

---

פונ יענער צײַט אָנ האָט כאווער סטאלינ פאָרגעזעצט זײַנ רע־וואָליוציאָנערע טעטיקײַט אינ טראנסקאווקאז, געארבעט אינ טיפליס, קוטאיס, באקו, באכום, טשיאטורי, אינ אָזורגעטער אויעזד אונ אינ אנדערע ערטער. כאווער סטאלינ איז געווענ דער הויפט־אָפאָנענט פונ די מענשעוויקעס, פירנדיק א פארביטערטנ קאמפ קעגנ דעמ מענשע־וויזמ, פאר דער אידײישער העגעמאָניע פונעמ באָלשעוויזמ.

די באָלשעוויקעס אינ גרוזיע אונ אינ גאנצ טראנסקאווקאז האָבנ



דער דרוק־פּרעס פון דער אונטערערדישער דרוקערײַ, וואָס סמירבאס פאמיליע היט אײַן.

זיך אויסגעבילדעט און זײַנען אויסגעוואָקסן אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פונעם כאַווער סטאַלין, וואָס איז שוין דעמלט געווען אַן אָנגעזעענער טעאָרעטיקער, דער באַגײַסטערער און אָרגאַניזאַטער פֿונעם באָלשעוויזם אין טראַנסקאַווקאַז.

---

עס האָט אויסגעבראָכן די אַלוועלטלעכע אימפּעריאַליסטישע בלוט-באָד פון יאָר 1914.

דער אַלטער כאַשים סמירבאַ האָט געפונען, אַז עס וועט בעסער זײַן פאַר אים, ווען ער וועט זיך אָפּ דער צײַט פון דער מילכאָמע באַזעצן אין אַבכאַזיע. פאַרלאָזנדיק צוזאַמען מיט זײַן פאַמיליע די היים, האָט כאַשים ניט פאַרגעסן צו פאַרגראָבן אין דער ערד דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון דער דרוקערײַ און, פאַרשיטנדיק עס מיט פײַכטער ערד, האָט ער געזאָגט צו זײַן זון:

— נישקאָשע, כעמדי, זאָל דאָס אַלץ ליגן דאָ. עס וועט נאָך זיכער צוניץ קומען.

אין כאַשימס שטוב האָבן זיך באַזעצט סאָלדאַטן. ווען זיי האָבן איינמאָל באַמערקט דעם פרישן בערגל אין סאָד, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דאָרט מוז ליגן באַהאַלטן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט, מעגלעך, זיי גוט צוניץ קומען. זיי האָבן זיך גענומען פאַר די רידלען, אויסגעגראָבן די טײלן פון דער דרוק, און, זעענדיק, אַז דאָס קאָן זיי צו גאָרנישט ניט נוצן, האָבן זיי עס פאַנאַנדערגעוואָרפן איבערן סאָד.

עס האָט א זעצ געטאָנ די רעוואָליוציע, כאשימ האָט זיכ צוריקגעקערט אינ זײַנ היימ. באקוקנדיק מיט א זאָרגזאמ אויג זײַנ אלטנ סאָד, האָט כאשימ דערזענ צעוואָרפנ דאָס, וואָס ער האָט אמאָל אזוי פּאָרזיכטיק באהאלטנ. לאנג האָט כאשימ זיכ געפּאָרקעט אינ גראָז, צונויפקלײַבנדיק די באזונדערע שטיקלעכ פונ דער צעוואָרפענער דרוקערײַ. ווענ אלצ, וואָס ער האָט געפונענ, איז צונויפגעקליבנ געוואָרנ אינ איינ אָרט, האָט כאשימ א רופ געטאָנ זײַנ זונ:

— זע, כעמדי! דו געדענקסט אוואדע, וואָס דאָס איז אזוינס. דאָס איז דאָס, וואָס עס האָט געהאָלפנ מאכנ די רעוואָליוציע. באַהאלט גוט דאָס אלצ, כעמדי, אונ זאָל עס זײַנ אָפּגעהיט אזוי, אז ווענ איכ וועל א קוק טאָנ אפ אָט די שטיקלעכ אײַזנ, זאָל איכ זיכ קאָנענ דערמאָנענ אָנ דעמ טײַערנ סאָסאָ.

Редактор перевода — О. Стрелиц. Технический редактор — М. Погостер. Корректор — И. Левинсон. Сдано в набор 27/VIII-35 г. Подп. к печати 15/XI-35 г. Ф б. 62×94 $^{1}/_{16}$ 4 п.л. Уп. Главлита Б—13859 „Эмес“ № 148, тираж 3000

---

Тип. изд-ва „Эмес“, Москва, Покровка, 9, зак. № 895.

